דעם ליבן פרײַנד
[illegible]
[illegible]
[illegible]

יוסף פּאַפּיערניקאָוו

# די גרינע ראָסע

יוסף פּאַפּיערניקאָוו

# די גרינע ראַסע

לידער

פאַרלאַג „דויער" תל־אביב

תשמ"ג 1983

יוסף רובינשטיין

## „קאַרמעליצקע דרײַ און צוואַנציק"

(אַנשטאָט אַ הקדמה)

...אָ, יענע שײַן, זי לעבט אין מיר, איך זע דורך איר געזיכטער,
איך זע די טעג, די אָוונטן, איך זע זיך דאָרט אַליין
בײַ טישלעך אין דעם זאַל. אָט גייט פּאַפּיערניקאָוו דער דיכטער,
מיט אויגן העל־צעשמייכלטע און רויט ווי פון געוויין.

פּאַפּיערניקאָוו, אַ קליינינקייט! מען מאַכט פאַר אים אַ וואַרע.
אַרום חברים, חברטעס. ער טרינקט בײַם טיש טיי.
אין רויך פון פּאַפּיראָסן און אין נעפּל פון דער פּאַרע
ער שווימט פאַר מײַנע אויגן ערגעץ הויך אַריבער זיי.

אָט מאַכט ער צו די אויגן און פאַרציט פאַר זיך אַ ניגון,
ער זינגט זײַן אייגן ליד: — „זאָל זיין..." זײַן קול איז ווייך צעברומט.
דער עולם הייבט פּאַמעלעך אָן צום טאַקט זיך אויך צעוויגן,
איך זיץ און הער, איך זיץ און שווײַג, און גאָף אַזוי, פאַרשטומט.

דער ניגון וויגט זיך, פלאַטערט אום אויף טישלעך, גלעזער, טעלער,
אַריבער שטיקלעך הערינג, איבער האַרטע רעפּטלעך ברויט.
איך זאַפּ דעם ניגון אײַן אין זיך: — אין טרוים איז בעסער... העלער...
זײַן קאָפּ שווימט ערגעץ הויך אַרום אין נעפּל־רויך צעבלויט.

און נאָר די אויגן ווי אין זעונג־אויפגעפראַלטע אַפּלען,
פאַרקוקטע ערגעץ אין דער ווײַט, מיט בליקן נישט פון הי.
איך פיל ווי הערצער לויפן נאָך צום ניגון־טאַקט און צאַפּלען,
און ס׳שפּיגלט זיך זײַן בענקשאַפט אָפּ אין זייער אויגן־גלי.

אין דרויסן טריפט אַ רעגנדל, נאָר דאָ, דער העלער ניגון
ער פירט אויף וועגן זוניקע, ווו ס׳שמעקט מיט היי און פעלד.
ס׳איז גוט פאַר פרײַהייט קעמפן, מיט דער אַלטער וועלט
זיך קריגן,
נאָר גוט אַ מאָל איז פילן גאָר די שיינקייט פון דער וועלט.

פונעם בוך „חורבן פוילן״
ניו־יאָרק, 1964

## גערטנער און בלומען

א.

ווי מיט קינדערלעך אַרומגענומען —
שטייט אַ גערטנער אין אַ בייט פון בלומען,
בלומען פאַרביקע, ווי פאַר די אויגן
וואָלט מען זען אַ קליינעם רעגן־בויגן,
און דער רעגן־בויגן, דאַכט זיך, דרייט זיך
אַרום גערטנער זייערן וואָס פרייט זיך
און — ער דרייט זיך אויך אַרײַן אין שיינוואַרג —
מיט זײַן ריינעם, צניעותדיקן קליינוואַרג;
אויך דער גערטנער האָט פון דעם הנאה,
וואָס עס טאַנצן בלומען רויטע, בלאָע,
געלע, פיאָלעטע, ווײַסע, בלאַסע —
אָן אַן אונטערשייד פון פאַרב און ראַסע...

ב.

בלומען שלאָפן שטייענדיקערהייט
מיט פאַרנויגטע קעפּלעך איינס אויף ס'צווייט,
מיט די צנועה־בלעטעלעך פאַרמאַכט
אונטערן באַדעקנס פון דער נאַכט.

ווי עס האָט בײַטאָג ווער וואָס צו טאָן
און עס וועקט אים אויף דער קריי פון האָן —
וועקן אויך די בלומען זיך פאַר פרי —
צו באַווײַזן זיך אין פּראַכט פון בלי.

ג.

אויף אַ גאָרטן־באַנק — מיט מײַן אַליינקייט,
אונטערביימער־קעפּ פון אַלע זײַטן —
זיץ איך און איך טרינק די גאָרטן־שיינקייט
פון די בלומען־בעכערס אין די בייטן.

וויפל פאַרבן־רײַכקייט ס'איז פאַראַנען! —
צו פאַרדאַנקען עס דער גוטער ערד נאָר;
האָט דער גאָרטן בלומיקע דיוואַנען —
צו פאַרדאַנקען עס דער האַנט פון גערטנער.

## פון־דער־פרעמד

א.

אין אַ לאַנד אַ פרעמד,
אין אַ פרעמדער שטאָט
צווישן פרעמדע מענטשן
פון אַ פאָלק אַ פרעמד —
זיץ איך אין אַ פרעמדן גאָרטן
מיט דער פרעמד מיינער
וואָס גייט מיר פוסטריט נאָך
און רעדט צו מיר,
און רוט מיט מיר,
ווו ס'קען אונדז קיינער נישט
און ווייסט נישט ווער מיר זענען
און פון וועלכער פרעמד
מיר קומען אין־דער־פרעמד.

ב.

אין שאָטן פון געדיכטןביימער־גרין,
געזעסן בין איך שעהען לאַנג
אַ פרעמדער אויף אַ פרעמדער גאָרטן־באַנק,
געזעסן און געזעסן
און פאַרגעסן זיך — פאַרגעסן
ווער איך בין
און וואָס איך בין,
פון וואַנען כ׳בין געקומען דאָ אַהער
מיט מייַן געמיט, מייַן פּודיק שווער —
פון וואַנען?
און אַזוי — פאַרלאָזט דעם גאָרטן —
נאָך די שעהען זיך אַנטשפּאַנען.

ג.

כ׳געדענק נישט ווען,
כ׳געדענק נישט ווו,
נאָר לאַנג שוין, זייער לאַנג —
ווי ס׳האָט מיך נישט אַרומגענומען
אָט אַזאַ געבענטשטע רו
ווי איצט, אין פּאַרק אויף „דיקענס סטריט״
ווו כ׳זיץ און שרײַב דאָס ליד
פון לויב און דאַנק,
און זינג געזאַנג לשם געזאַנג,
לשם דער שיינקייט פונעם פּאַרק
ווו אַלץ גיט עפּעס צו
צו דער געבענטשטער רו.

## אין פרעמדע גערטנער

**א.**

אין מעלבורן, אויף „דיקענס־סטריט" אין גאָרטן,
קאָן מען טעגלעך מיך געפינען דאָרטן —
אין די לויטערע פרימאָרגן־שעהען
ווען עס זוניקט, ווען די הימלען בלאָען
אָדער — אין די וויַין־רויטע פאַרנאַכטן
ווען זיי צינדן, רעגן אָן צו טראַכטן —
זיצט אַ פרעמדער, אַ ישׂראלדיקער,
אַ פּאָעט וואָס — שיינקייט מאַכט אים שיכּור —
זיצט ער עס אַזוי מיט זייַן אַליינקייט,
אָנגעטרונקען מיט אויסטראַליעס שיינקייט.

ב.

זיץ איך אין דער פרעמד אַזוי, אין פרעמדע גערטנער
ווו עס רעדט צו מיר די שטילקייט, ווו מען הערט נאָר
ווינטיק בלעטערן, אַ שאָרוועו און אַ שאָרכן,
אַ געפּיפּס פון פייגל, און אַ סאָוועס שנאָרכן.

זיץ איך — פון דער שיינער פרעמד אַרומגענומען
צווישן בייטן וואַרעם־שמייכלענדיקע בלומען,
אונטער שאָטנדיק־געדיכטע קעפּ פון ביימער
און, ס'איז גוט מיר, גוט — כאָטש נעם זינג אויף
אַ זמר —

נאָר עס זינגט זיך מיר נישט, איך בין פול מיט קנאה
צו דער רחבותדיקער, פרעמדער מיר, מדינה,
וואָס איז גרויס און רייַך — הלואי געזאָגט־געוואָרן
אויף מייַן היים, וואָס האַלט נאָך ביי די צנע־יאָרן...

ג.

אין גאָרטן אויף אַ בוים האָט זיך אַ לאַך־פויגל פאַרשטעקט

און, לאַכט פון מיר און לאַכט — כאַ־כאַ! און נאָך אַ מאָל — כאַ־כאַ!

— אַ מענטש האָט זיך אַוועקגעזעצט אין שאָטן, זיצט און טראַכט

און וואָס קאָן,, כ׳לעבן, צוטראַכטן אַן אַלטער נאַר אַזאַ?!

— עס האָבן קליגערע פון דיר, דעם שׂכל פון ד׳ער וועלט

באַטראַכט און, וואָס אימשטיינס־געזאָגט אונדז אויסגעקלערט?

אַ משחית אָט אַזאַ וואָס נאָכן לאָזן אים אין ,,גאַנג" —

זאָל בלייַבן פון דער וועלט דער שיינער, נאָר פאַרקוילטע ערד.

איך זיץ. דער פויגל לאַכט פאַרקײַכט און — כ׳שטעל
זיך ראַפּטום אויף.
פאַרלאָז די באַנק, דעם בוים, דעם שאָטן און, איך
לאָז זיך גיין,
נאָר ס׳גייט דעם גאַנצן וועג מיר נאָך דעם
לאַך־פויגלס כאַ־כאַ ! —
אַ לאַכן וואָס באַאומרויִקט און איז נישט צום
פאַרשטיין.

מעלבורן 1980

## האַרבסט אין מאָנטרעאָל

א.

כ׳האָב אין ערגעץ, דאַכט זיך, נישט געזען
אַזאַ געדיכטן בלעטערפאַל
ווי — האַרבסט אין מאָנטרעאָל.
און נישט געזען האָב איך
אַזביימער, האַרבסט־צײַט, זאָלן בליִען,
ווי דער האַרבסט אויף זיי וואָלט נישט געהאַט
קיין שליטה

און אַזוי, האַלב־נאַקעטע, צעבליטע
און פאַררויטלטע, ווי יונג־פרויען אין דינע העמדלעך
און אין דורכזיכטיקע טוניקעס —
זאָלן זיי צעשטראַלטע, זוניקע —
מיט זײַטן־וועגן זיך אַוועקלאָזן
מיט זייער פאַרבן־רײַכקייט
אונטער אַזאַ דין און דורכזיכטיק פאַרהילונג —
פײַערן אין האַרבסט, דעם פרילינג.

ב.

ווען די קראָען אויף די הייכן האָבן האַרבסטיק
זיך צעקראַקעט —
האָבן ווינטן אַלעביימער אָנגעהויבן אויסטאָן
נאַקעט,
זיי די זומער־קליידער, די שוין אָפּגעטראָגענע, געריסן
פון די צווייַגן און אַוועקגעלייגט זיי — יעדן בוים
צופוסנס —
זענען זיי, די זומערקליידער, אויסגעטאָענע געלעגן
הפקר פאַר אַ יעדן ווינט, און הפקר פאַר אַ יעדן
רעגן,
ביז עס האָבן נייַע ווינטן שנייִק־קאַלטע שוין און
שאַרפע
אָנגעהויבן רייַסן, ציפּן ווי אויף סטרונעס פון אַ
האַרפע,
און אַזוי אָ, שפּילנדיק אויף אַלע דרויסנדיקע
דראָטן —
אויפגעהויבן קופעס בלעטער פון דער ערד, און זיי
צעשאָטן —
זענען זיי ווי טויטע זומער־פייגל פאַרביק צ׳ריקגעפאַלן
מיט דער וווּנדערלעכער שיינקייט פונעם האַרבסט,
דעם מאָנטרעאָלן.

ג.

יאָגט זיך אַ כּעסן, אַ ווינט, נאָך די האַרבסטיקע
בלעטער

וואָס ליגן אין קופּעס, ווי קברים אין האַרבסט־צײַט
אין שפּעטער,

ליגן בײַ הײַזער און פּלויטן און — ווילן נישט
לאָזן זיך רירן,

נישט לאָזן זיך קערן פון ווינטיקע בעזעמס, נישט
פירן

מיט וואָגנס מיט פולע, דורך בלאָטיקע וועגן —
צום צווינטער,

און פרײַ־מאַכן גאַסן און גערטנער אין שטאָט —
פאַרן ווינטער;

נאָר בלעטער אין ווינט קערן אום זיך די ווינטן
פון הינטן

און — ס׳קײַכן די קראָען דערפון, לאַכן אָפּ פון
די ווינטן

וואָס קאָנען זיך אויך מיט די שוואַכסטע קיין עצה
נישט געבן.

געפּאַלענע בלעטער, זיי ראַנגלען זיך אויך פאַרן לעבן...

מאָנטרעאָל 1981

## אָן אַ גערטנער

מאַטלען

האָט אַ גאָרטן נישט קיין גערטנער —
איז אויף אים אַ גרויס באַדויער;
שטייט ער שטעכיק ווילד פאַרוואַקסן,
ווי אַן אָבל אין זײַן טרויער;

גיבן פרוכטביימער קיין פרוכט נישט,
זעען אויס, ווי די עקרות,
און עס שמעקט פון זיי מיט בלײַעכץ,
וואָס דערמאָנט אַ בית־הקברות.

האָט אַ גאָרטן נישט קיין גערטנער —
שטייט ער הפקר, נישט געהיטן,
און עס קומט אין אים נישט קיינער,
ווי מען וואָלט אים אויסגעמיטן;

ווײַל עס ציט צו יענעם גאָרטן,
וואָס איז רײַך מיט פרוכט באַלאָדן,
און מען קאָן פון אים בגניבה
רײַסן — נישט צו זען דעם שאָדן.

# אין גאָלדיק־גרינעם ליכט

מיט וואַלד אין גאָלדיק־גרינעם ליכט און שאָטן —
טויכט, אויף הישנפיס, מײַן יוגנט אויף,
כאָטש ס'איז מיט וואַלד זיך נישט צונויפגעוואַקסן
אין די טעג די זוניקסטע, אין לויף
פון יאָרן, וואָס זיי זענען אויפגעגאַנגען
העל, ווי ווייץ און קאָרן אויפן פעלד —
אויף וואָס דאָס לעבן מײַנס האָט יונג — צעשראָקן
אירע ערשטע הירשנטריט געשטעלט —
מיט אויגן אויפגעריסענע פון וווּנדער
און אַריבערקווועלנדיקער פרייד,
פון וואַקסן און פון בליִען — אָן צו אַנען
וועגן אָפּבלי און געפּאַר פּאַר טויט —
ווי ס'וואָלט דער טויט געווען אַ קינדער־מעשׂה,
פונקט ווי אַלע מעשׂהס אויסגעטראַכט,
אַ מעשׂהלע, נאָך וועלכער, קליינוואַרג, האָבן
מורא אין־דער־פינצטער זײַן בײַנאַכט —
ווי מיך, אַ גרויסן — שרעקן מײַנע טעג שוין,
טעג, וואָס גייען דורך ווי דורך אַ בראַנד...
איז גוט אַ מאָל פון ווילדן וואַלד פון גרויסע —
זיך אַרײַנכאַפּן אין קינדערלאַנד —
צו טאָן אַ קוק אַרײַן אין גאָלדיק־גרינעם
דורכזיכטיקן, בלאָנדן, יונגן וואַלד,
פון וואַנען כ'הער פון צײַט צו צײַט מײַן יוגנט,
ווי זי לויפט דאָרט, ווי אַ הירש, און פאַלט...

## ווי אַ הירש אין דער נעץ

ווי אַ הירש אין דער נעץ פון אַ גאָלד־גרינעם וואַלד —
לויפט די יוגנט אַרום און לויפט דורך, און פאַרפאַלט,
און לאָזט איבער אַ גאָלדענעם שטויב אין־דער־לופט,
און אַן אָפּהילך אַ ווײַטן, וואָס וועקט און וואָס
רופט,
ווי געשאַלט וואָלט אַ האָרן ווו, ציטעריק, באַנג,
און מבשׂר געווען דעם העלסטן פאַרגאַנג,
און דעם סוף פון אַ יונג־בלאָנדן טאָג, פון די טעג,
וואָס זיי קערן זיך קיין מאָל נישט אום שוין פון וועג,
און פאַרגייען אַזוי ווי די זונען אין וואַלד —
ווו די יוגנט לויפט דורך ווי אַ הירש און —
פאַרפאַלט.

## אַ בוים

אַ בוים (אַיעדער בוים)
וואָס וואַקסט אויף גאָטס באַראָט,
פון נישט קיין האַנט געפלאַנצט,
נאָר פונעם ווינטס אַ קערנדל —
אַיעדער בוים אַזאַ,
איז נאָענט מיר און אייגן —
מיט דער איינזאַמקייט
און בליִענדיקן אומעט,
וואָס איז פול מיט בענקשאַפט
נאָך באַהעפטונג מיט זיַין אָפּשטאַם,
נאָך באַהעפטונג מיט דער ערד,
נאָך באַהעפטונג מיט צעצוויַיגטער
וואַלדיקער צעוואַקסנקייט
אין וועלכן ס׳ליגט דער המשך —
אויכעט ווען די שאַרפע האַק
מאַכט שיטער דעם געדיכטן וואַלד...

## אונטער אַ בוים

קעמפּ „בויבעריק", ניו־יאָרק 1968

אַז אַ מענטש האָט שאָטן־זײַטן —
וויל מען זײַן מיט אים פונווײַטן...
און אַ בוים, אַז ר'איז געראָטן —
איז עס נאָר פאַר האָבן שאָטן...
וואָס מער שאָטן — מערער ציט זײַן
אַלט־צעוואַקסנקייט, צעבליט־זײַן,
וואָס פאַרבעט דיך, זיך צו זעצן
אונטער זײַנע גרינע נעצן,
וועלכע האָבן אויגן בלאָע;
זיצסטו און דו האָסט הנאה —
אי, וואָס זי, די זון, באַשטראַלט דיך,
אי, וואָס ער, דער בוים, באַהאַלט דיך,
גיט דיר אָפּרו גיט דיר שטילקייט,
גיט דיר טרינקען פון דער קילקייט,
גיט דיר זיכערקייט פון שמירה
און אַפילו פייגל־שירה —
ממש — אָדם אין גן־עדן!
נאָר — ס'איז אומעטיק אונדז ביידן:
מיר — דעם גרויסן בעל־אהבה
און דער איינזאַמקייט — מײַן חוה...

## אַ בוים אין הויף

...זיך אַוועקגעשטעלט אין ווינקל הויף, אַ בוים
אַן איינציקער, אַן אַלט־אַריַינגעוואַקסענער אין זיך,
מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס נאַקעטע,
און מיט אַ גאָר־נישקשהדיקן פּליך ;

אַוועקגעשטעלט זיך בעטלעריש און — שטייט
הכנעהדיק און מיט אַ שטום געבעט,
נאָר ווען קאָן עס אָנגיין אַזאַ בוים,
אַ נוטה־למות — אויסער אַ פּאָעט ? —

בפרט, אַז פייגל מייַדן אויך אים אויס
און שטעלן זיך אויף אים שוין מער נישט אָפּ,
די קינדער נאָר, פון הויף, זיי שפּילן זיך מיט אים
און קריכן אים כסדר אויפן קאָפּ...

און אויך די אַלטיטשקע פון הויף, פאַרזעט אים נישט,
זי ציט אויף זײַנע צווײַגן שטריקלעך אויס,
און הענגט דערנאָך אויף זיי פאַרוואַשענע —
די אַלטע שאַלאַמויזן אירע, נאַס אַרויס.

און ער, דער בוים אין הויף — ער טוט נישט מער,
נאָר שפּײַט די רעשטלעך בלעטער אָפּ פון זיך
מיט ביטערניש, און וואַקסט אַראָפּ, אַראָפּ,
און גרעסער וואַקסט אים אויפן קאָפּ דער פליך.

## אַ בוים בײַ אַ פּלויט

בײַ אַ מאָכיק־גרינעם פּלויט,
ליגט (ווער ווייס ווי לאַנג שוין) טויט,
אַ בוים — אַ גוף אָן הענט, אָן פיס,
און שוואַרץ, ווי קויל —
פון אַלטקייט און געפויל.

צו וואָס מען האָט אַוועקגעלייגט אים —
בלײַבט אַ סוד,
און ס'ווייסט איין גאָט —
ווי לאַנג ער וועט נאָך ליגן,
ווי אַ שאָטן פון אַ בוים — בײַם פּלויט,
וואָס בליט מיט גרינער מאָכיקייט,
מיט אַלטקייט און מיט טויט.

## אַ ביימעלע הינטערן פענצטער

נאַכט, ווינט און רעגן —
עס עקט זיך די וועלט ;
הינטער מײַן פענצטער —
אַ ביימעלע ציטערט פון קעלט,
טרייסלט זיך, קלאַפּט מיט די צווײַגלעך
אין שײַבל אין מײַן,
קלאַפּט, ווי מיט פינגער,
און בעט בײַ מיר : לאָז מיך אַרײַן !...

איך זע נישט דאָס ביימעלע,
כ׳הער עס און פיל עס נאָר אויס,
און ס׳איז, ווי צו אַלץ וואָס עס לעבט —
אויך צו אים דאָס רחמנות מײַנס גרויס,
און גרעסער דערפאַר — אויך דער צער,
וואָס איך האָב פון דער וועלט —
אַפילו, ווען הינטער אַ פענצטער
אַ ביימעלע ציטערט פון קעלט.

##ביימער אין שטאָט, ערב פרילינג

די זון איז שוין אַרויס פון איר פאַרוואָלקנט־זייַן,
אַרויס פון איר פאַרהילונג,
און אין שטאָט, די ביימער, גרייטן זיך
צום אויפנעמען אַ ליבן גאַסט — דעם פרילינג:

גערטנער אַרבעטן אַרום די ביימערקעפּ,
עס לאָזט אַ דין געגרילץ פון שטאָל זיך הערן,
און באַבלעטערט — פאַלן, ווי די גרינע צעפּ
און גרינע לאָקן — צווייַגן אונטער שערן;

בלייַבן ביימער שלאַנקער און גראַציעזער שטיין,
ווי האַלב אַנטבלויזט, „אַלאַ גאַרסאָן" געשוירן,
פול מיט רייץ און יונגפרוילעכן חן,
און פול מיט ליבע־צוזאָג אין די אויערן...

ס'ליגט פֿאַר יעדן בוים זײַן אָפּפֿאַל־בערגל גרינס,
ווי ס'וואָלט פֿאַר יעדנס גאָלע פּיס געלעגן
ס'ווינטער־אָנטועכץ — צום אײַנטוישן אויף דינס
און לײַכטס — צו קאָנען לײַכטער זיך באַוועגן —

שטייען זיי אַזוי אין יעדער גאַס און סקווער —
פֿון לעצטן ווינטער־רעגן אויסגעצוואָגן,
יונג און אָנגעשטײַפּט, ווי סוואָלט אַ הייס באַגער
פֿון זייער נאַקעטקייט אַרויסגעשלאָגן.

די זון איז שוין אַרויס פֿון איר פֿאַרוואָלקנט־זײַן,
אַרויס פֿון איר פֿאַרהילונג,
און אין שטאָט, די בײַמער, גרייטן זיך
צום אויפֿנעמען אַ ליבן גאַסט — דעם פֿרילינג.

## אַראַבקעס מיט אַרבוזן

ווי אַ טשאַטע קראָען ביַי אַ מאָלציַיט —
זיצט אין שאָטן פון אַן עקאַליפּטוס,
די פיס אונטער זיך,
ווי צעוויגט אויף די היפּטן —
אַ קרענצל אַראַבקעס אין שוואַרצן,
און טראָגן אונטער צו די טאַטויִרטע מיַילער:
צעשלאָגענע שאַרבנס
פון קעפּ פון אַרבוזן,
וואָס רייטלען צעעפנט
ביַי זיי אויף די שויסן...

אויגן בליצן ווי די מעסערס,
ליפּן ציטערן פאַרשׂרפעט,
ציינער לאַכן פון הנאה,
ביַיסן איַין זיך מיט דער וויַיסקייט,
זוכן ס'האַרץ פון די אַרבוזן,
און עס פלייצט און ס'רינט די קוועלונג
איבער גאָמבעס,
איבער פינגער,
אַז — געגעסן און געטרונקען
און, געשטילט דעם דורשט און הונגער...

## טרויבן

רויטער, שוואַרצער, גרינער ווייַן
געזאַמלט ווי אין דורכזיכטיקע לאָגל־בינטלעך,
פון דער זון בייַ טאָג ווי אייעלעך געבריט,
און אויסגעקושט בייַ נאַכט פון בשׂמים־ווינטלעך —
גלאַנצן זיי באַהויכט און פייַכט פון טוי,
ווי רויטע, שוואַרצע, גרין־באַרוישטע אויגן...

שטייען ייִנגלעך,
שטייען מיידלעך,
איבער ביימעלעך געבויגן,
האַלטן שערן, און זיי שערן,
בליצן דורך מיט זיי די שטאָקן,
שנייַדן שטענגלעך —
פאַלן הענגלעך
רויטע, שוואַרצע, גרינע לאָקן...

ליגן שטאַנגען איבער אַקסלען,
וויגן קערב זיך אויף די שטאַנגען
און — געגאַנגען,
לייַכט, געהויבן,
שיכּור פון דער ערד, דער פעטער —
מיט דער זיסער לאַסט פון טרויבן
צוגעדעקט מיט פייַגנבלעטער...

## סאַברעס

אין קרומע צעלאָפּענע שורות
אויף וויאָרסטן און מײַלן —
ציִען זיי זיך ווילד, צעוואַקסן,
זיי, דאָס אָרעמסטע געוויקס דאָ אויף די וועגן:
סאַברעס.

בלעטער — האַרט און גרויס ווי פּנימער פֿאַרגרינטע,
בלאַט צו בלאַט, ווי קאָפּ צו קאָפּ,
צווײַגן — אויסגעדרייטע הענט פֿון קריפּלען,
צווײַג אין צווײַג, ווי האַנט אין האנט —
פלעכטן זיי זיך,
האַלדזן זיי זיך,
דריקן זיך צונויף אין דאַרקייט,
פֿאַלן קוסט אויף קוסט פֿאַרחלשט,
שטיקן זיך און ווערגן זיך,
פרעסן זיך פֿאַרביטערטע,
און קריכן זיך מיט נאָדל־נעגל
איינס אין צווייטנס לײַב אַרײַן,
בײַם היטן פרעמדע האָב און גוטס
פֿון כּרמים און פּרדסים.

אונטער זיי — באַשיצטע, זאַטע —
קאָקעטירן פרישע ביימלעך
מיט מאַראַנצן, מאַנדלען, איילבירט,
וויַין און כּל־טוב, וואָס דאָס האַרץ גלוסט;

און אין קרומע צעלאָפּענע שורות
אויף וויאָרסטן און מיַילן,
ציִען זיי זיך ווילד צעוואַקסן,
זיי — דאָס אָרעמסטע געוויקס דאָ אויף די וועגן:
סאַברעס.

## טייטלען

אויף אַ גאָל סענקאַטן שטייַפן שטאַם פּאַרריסן,
אונטער אַ לילובים־קאָפּ צעוואַקסן ווי אַ שפּין —
רייטלען טייטלען אויף די הימל־הויכע טאַנען,
ווי אויף העלדזער, שווערע שנירן קרעלן פון בורשטין ;

רייטלען ווי פּאַרפירעריש, דער זון אַנטקעגן,
וויגן זיך צעצונדענע און רייַסן זיך נישט אָפּ,
הענגען — ביז עס קומט אַ קלעטערער אַ פלינקער,
וואָס דערגרייכט צו זיי און נעמט זיי צום פּאַרקויף
אַראָפּ...

## מאַראַנצן

בלאָע הימלען, גרינעביימלעך,
זוניק־גאָלדענע מאַראַנצן,
איז אין פּרדס העל און היימלעך,
באַקן פלאַמען, אויגן גלאַנצן,

שניטערס שנײַדן, בלוטן רוישן,
און עס שפּאַרט זיך יונגער כּוח,
טראָגן לײַכט די שווערע קוישן,
שיכּור פון אָראַנזשן־ריח.

ווי עס וואָלטן אונטערדרעמלען —
פויל, צעוויגט, אויף קאַראַוואַנען,
פירן אָפּ אַראַבער קעמלען:
גאָלד — צו שיפן, גאָלד — צו באַנען;

און פון קעסטלעך, דורך די שפּאַלטן,
אַזש עס פּלאַצן שיִער די ברעטער —
שרײַט מאַראַנצנליכט באַהאַלטן,
ווי די זון צעווישן בלעטער...

## דער טייטלבוים

אויסגעטיילט און אָפּגעזונדערט,
אויף זײַן אייגענעם באַראַט —
וואַקסט דער טייטלבוים און גרייסט זיך
מיט דער גבורה וואָס ער האָט.

גרייסט זיך מיט דער הייך דער ווילדער,
מיטן פּעכערדיקן קאָפּ,
מיט די טייטלען, וואָס זיי הענגען
פון סענקאַטן האַלדז אַראָפּ.

אויסגעקושט פון הייסע ווינטן,
אויסגעזויגן פונעם גרין —
וויגן זיי זיך ווי די לאַנגע
שנורן קרעלן פון בורשטין,

קעגן מידבר, קעגן וויסטקייט
ווו עס שׂרפהט, ווו עס פלאַמט —
אויף אַ בוים, וואָס שטייט אַ פעסטער,
ווי אַ העלפאַנטפוס אין זאַמד.

## דער אייִלבערטבוים

אַשיק־גראָ, ווי נאָך אַ גרויסער שׂריפה —
שטייט ער דאַר־צעצווײַגט מיט קנויליקן געפלעכט
און ס׳דאַכט זיך, אַז עס קאָן נישט זײַן שוין ערגער,
ווי דער גורל צו אַ בוים אַזאַ איז שלעכט.

נאָר זיי, די גרינע און די שוואַרצע אייִלבירטן,
וואָס באַשיטן אים דעם קאָפּ געדיכט —
דערציילן עפּעס אַנדערש וועגן אים,
און וואַרפן אויף זײַן שטאַם אַן אַנדער ליכט:

אַ ליכט פון גלאַנץ; אַ ליכט פון פײַנעם יחוס,
סאַמע שמן־זית, סאַמע שמן זך,
אַן איידלבוים, אַן אַשיק־גראָער ענו,
אַ מסתפק, וועלכער גיט אַ סך.

## אַן עפּלבוים

כ׳זאָל נישט וויסן, אַז עס איז אַן עפּלבוים —
געמיינט וואָלט איך,
אַז ס׳האָט אַ הירש, פון טויט געיאָגט —
פאַרלוירן דאָ די קרוין די גאָלדענע;
אַז וואַלדיק־ווילד־צעצווייַגטע הערנער
האָבן ווי מיט שאַרפע פינגער
אין דער ערד זיך אייַנגעגעסן
און — גענומען שלאָגן וואָרצלען,
און גענומען מאָכיק גרינען
און — צו ווערן דין באַבלעטערט;
אָנגעהויבן געבן בלִיִעכץ,
געבן קנאָספּן, ווי די פּיטומס,
און — צו געבן קליינע עפּל,
עפּל — גרינע, עפּל — האַרטע,
עפּל — ווי פאַר יונגע ציינער
פון נישט רייפע איבערקלייַבער...

## דער עקאַליפּטוס

ווי אַלעביימער — טרינקט דער עקאַליפּטוס
פון די וואָלקנס גלײַך, דאָס ברכה־וואַסער,
טרינקט, ווי אַלע ביימער, פרישן טוי;
ווי אַלע ביימער זייגט ער פון דער ערד
און ציט אין זיך אַרײַן די קילע פײַכטקייט,
אָבער, נישט ווי אַלע ביימער —
איז ער זיך מיט זומפּ מחיה,
טרינקט פון אים און טריקנט אים,
און פּיבערט נישט מאַלאַריע־קראַנק,
נאָר בליט דערפון און וואַקסט דערפון
נאָך העכער און נאָך שטאַרקער אויס,
און שפּאַרט זיך מיט די ווײַסע צווײַגן,
ווי מיט הערנער אָקסענע —
צו לעכערן פאַר דאָרשט מיט זיי, די הימלען.

## באַנאַנע־ביימער

ווי קימפּעטאָרינס הינטער פאַראַוואַנעו —
טראָגן אויס באַנאַנע־ביימער
הינטער פאַרצויגענע ווענטלעך פון ראָגזשעס —
זייער פרוכט: באַנאַנעס.

אויסבאַהאַלטענע פאַר ווינט,
ווי פאַר אַן עין־הרע —
וואַרעמען זיי אין די בוזעמס אויס
די ברוסטיק־גרויסע קנאָספּן,
וואָס זיי עפענען מיט צניעותדיקן ווייטיק —
פאַרן אויסלאַדן די שפע פון איינמאָלקייט:
די קללה אין דער ברכה
פון געבערן — און נישט ווערן...

## אַלטע פּיַיגנביימער

אַלטע, איינזאַמע בעטלערס אויף וועגן :
ווילדע פּיַיגנביימער ;
מיט דער וויסטקייט אויף די קעפּ,
מיט אויסגעדאַרטע ריק און לענד
און אויסגעדרייטע הענט און פיס —
שטייען זיי,
קניִען זיי
און פאַלן איַינגעבראָכענע ווי קעמלען —
מיט דער לאַסט פון גליִענדיקע טעג
אויף מידבר־זאַמדן.

## אַ ווערבע

געבויגן, געבויגן — אַריבערגעבויגן
האָט זיך אַ ווערבע איבערן טײַך,
אַריבערגעבויגן זיך —
צוואָגן דעם קאָפּ דעם אַלט־מוידישן,
און מיט אַ פוס, ביז די קני —
אינעם וואַסער אַרײַן:

שטייט זי אַזוי, נישט אַהין, נישט אַהער,
מיטן גרינעם צעפלאָכטענעם שויבער אַראָפּ,
אַזוי ווי זי וואָלט זיך געשעמט פאַרן שפּיגל
פון וואַסער, וואָס שפּיגלט זי אָפּ קאָפּ־אַראָפּ.

נאָר ס׳האָט שוין די ווערבע אַ מזל אַזאַ,
אַז דווקא פאַר איר שטעלן שיפלעך זיך אָפּ,
און ס׳באַוווּנדערן זי —
ווער ס׳האָט שיינקייט נאָר ליב,
און ס׳באַוווּנדערן זי —
ווער ס׳האָט איינזאַמקייט ליב.

## אונטער ווייענדיקע ווערבעס

אונטער ווייענדיקע ווערבעס ביַי די טײַכן,
לאַכט דאָס לעבן ביז אין נאַכט אין שפּעטער:
ס'לאַכט די יוגנט, און פאַרליבטע דעקן
זייער ליבע צו מיט ווערבע־בלעטער...

אונטער ווייענדיקע ווערבעס ביַי די טײַכן,
וועבט די יוגנט פאַרביקע געוועבן,
און זי וואַרעמט אויס בסוד אַ חלום
פון אַ צוגעקומען ניַי־געבוירן לעבן.

## ציפּרעס־ביימער

ווי אַרויסגעוואַקסן פון די גרינע קליידלעך —
שטייען צניעותדיק באַשיידן
שמאָלע ציפּרעס־ביימער,
ווי די כּלה־מיידן
נאָכן צוואָגן זיך ;
האָבן שטענדיק וואָס בסוד צו זאָגן זיך,
צו שווערן בײַ דער זון,
בײַ שטערן און לבנה —
שאָקלען זיי מיט די פּאַרשפּיצטע קעפּ
ווי אונטער קאַפּישאָנען,
שאָקלען פרום מיט זיי אויף יאָ און ניין,
און בלײַבן אָפּט מאָל אומבאַוועגלעך שטיין
פּאַרזונקענע אין טרויער.

ס'האָט דאָס זיפצן פון אַ ציפּרעס נישט געהערט
און נישט פאַרנומען נאָך קיין מענטשלעך אויער.

## קינדער אויף אַ פײַגנבוים

צו אַן אַלטן פײַגנבוים, אַ קריפּל —
האָט אַ טשאַטע קינדער זיך גענומען:
קריכן אויף זײַן לאָמען פוס דעם קרומען,
קלעטערן אויף זײַנע דאַרע צווײַגן
און באַזעצן זיי, ווי פייגל אָנגעפלויגענע
נישטערן אויף זיי און זוכן פײַגן,
וואָס זיי קאָנען נישט געפינען —
ברעכן זיי די צווײַגעלעך
די איינציקע, וואָס גרינען,
צופּן פײַגן־בלעטלעך
ווי מען צופּט דעם זיידנס באָרד די גראָע,
און דער זיידע איז געדולדיק:
האָבן קינדערלעך הנאה —
זאָלן זיי זיך שפּילן! —
צווישן קינדער קאָן אַן אַלטער אויכעט יונג זיך פילן...

## אַן אַלטע סאָסנע

האָט אַ סאָסנע, אין עלטער אין הויכער צעבליט —
זיך אַראָפּגעזעצט טיף, ווי צו תּפילה פֿאַרקניט
און — זי בליט אַזוי, קניִענדיק,
קניט אַזוי, בליִענדיק,
טראָגט אויפֿן קאָפּ נאָך די קרוין, די לאַנגאָניקע —
גאָלדיק און גרין, ווי מיט ליכטלעך געצונדענע,
אָבער — שוין מאַטע, פֿון צײַטן פֿאַרשוווּנדענע,
צײַטן פֿון מאַכטיקייט,
צײַטן פֿון פּראַכטיקייט,
צײַטן מיט אייביקייט־שיינקייט פֿאַרבונדענע.

שטייט זי, די סאָסנע די אַלטע, אין לעצטן צעבלי —
אַראָפּגעזעצט, אָבער נאָך אַלץ נישט געבויגן,
נאָר אונטערגעשפּאַרט אויף אַ קנאָכיקער קני,
ווי עס וואָלט מיט דער קרוין זי, די ערד שוין געצויגן.

## צוויי אַלטע סאָסנעס

זענען זיך צוויי אַלטע סאָסנעס צוגעפאַלן מיט
די קעפּ,
און שיטער — זיך אַריַינגעפאַלן אין די אָרעמס —
שטייען זיי אַזוי־אָ, ווי צונויפגעוואַקסענע
און קלאָגן איינע אין דער אַנדערער אַריַין
ס'געקלאָג פון אַלטקייט:
— טיַיערע, נישטאָ קיין כּוח מער
אויף אייגענעם באַראָט צו שטיין,
איז, לאָמיר אונטערהאַלטן איינס דאָס צווייטע —
פאַלנדיק צו לאַסט שוין זיך אַליין...

## אַן אַלטע פּאַלמע

צווישן הייזלעך צוויי — אַן אַלטע פּאַלמע:
ווי פֿאַרשעמט און אויסבאַהאַלטן —
שטייט זי אָפּגעבליט און וויאַלע,
אַ פֿאַרלאָזענע פֿון גאָט, פֿון מענטש און פֿויגל.

אירע צווייַגן, וואָס אַיעדער בלאַט אויף זיי
האָט ווי אַ גרינער פֿעכער ברייט געפֿעכערט —
האָבן ווינטן לאַנג שוין, לאַנג צעבראָכן —
הענגען זיי ווי הענט פֿאַרבראָכענע אין טרויער:

זי, די קעניגלעכע גרין־געקרוינטע פּאַלמע,
וואָס געהאַלטן האָט אַ מאָל די זון אין שאָטן —
שטייט אַצינד אַליין פֿאַררוקט אין שאָטן —
להוט נאָך אַ ביסל זון און וואַרעמקייט.

## צוויי ביימער פון אַ פּרדס

האָט מען אויסגעהאַקט אַ פּרדס און, געלאָזן ביימער
צוויי,
זיי געלאָזן, ווי מען וואָלט ביים אויסהאַקן —
פאַרגעסן זיי —
שטייען זיי — אַ צווילינג אַ פאַריתומטער, אין
סאַמע בלי,
ווי געשטאַנען וואָלטן זיי אין גרינע העמדלעך ביז
די קני
און געקוקט, געקוקט פאַראומערט אויפן ליידיקן
אַרום
און געפרעגט, געפרעגט זיך איינער בײַ דעם צווייטן,
אינדערשטום —
דעם באַשייד און דעם באַדײַט פון לאָזן זיי אין ווונד
און וויי —
פון אַ גוט־צעצווײַגטן און געזונטן פּרדס — זיי נאָר,
זיי.
ווען ס'האָט די האַק געמיטן, און די שאַרף —
נישט אָנגעריירט
אויכעט שפּעטער, ווען מען האָט דעם טויטן שטח,
פאַרצעלירט.

## די גרינע ראַסע

די וועלט, די גאַנצע וועלט
איז די היים פון דער ראַסע דער גרינער,
די היים פונעם ביימערפאָלק.

אומעטום רייַך
און אין ערגעץ נישט פרעמד אויף גאָטס ערד —
רעדט דאָס ביימערפאָלק
איין און דאָס זעלביקע לשון:
דאָס לשון פון שווייַגער,
וואָס טראַכטן און זוכן דאָס וואָרט —
אין די אייגענע טיפן,
און רעדן צו יענע וואָס הערן די שטומקייט אַליין.

# דאָס ביימערפאָלק

פון אַלע פעלקער, איז צום נאָענטסטן, צום ליבסטן
מיר —
דאָס פרידלעכסטע, דאָס שטילסטע פאָלק:
דאָס ביימערפאָלק —
די גרינע ראַסע.

ס'גרינע פאָלק איז גאַסטפרייַנדלעך.
די גרינע אָרעמס נעמען אויף אַיעדן
ווער עס וויל אין זיי געפינען שוץ און רו...

און מיר איז ליב דאָס ביימערפאָלק,
ווייַל ס'איז מיר נאָענט — ביימערשפּראַך,
דאָס שווייַגן פון אַ גאַנצן וואַלד,
וואָס ווינטן מאַכן רעדעוודיק
און הייבן אויף אין אים אַ רעש,
ווי פון אַ וואַלד מתפללים,
וואָס בעטן צו דעם וואַלדגאָט „פּאַן" —
עס זאָל קיין שטורעם נאָר נישט זייַן —
ווייַל ס'קאָן אַ בוים זיך נישט באַהאַלטן
פאַר אַ וואָלקנבראָך
און, אויך נישט פאַר קיין בליץ און פאַר קיין דונער,
וועמען וועלדער ברענגען אָפּט קרבנות...

## וואַלד אין שטאָט

א.

איך וווין אין שטאָט,
נאָר פול בין איך מיט וואַלדיקס,
פול מיט וואַלדגערויש,
און פול מיט רו און אומרו
פון אַ טיפער סודותדיקער שטילקייט.
דורכן רעש דעם שאָטישן —
דערגייט צו מיר דער ווײַטער אָפּהילך
פונעם וואַלדהאָרן, וואָס רופט
און מיינט אַוודאי מיך...

ב.

מיך ציט צו וואַלד,
צו וואַלד וואָס באַהאַלט
און פאַרדעקט ;
צו וואַלד
וואָס באַפאַלט
מיט דער שטילקייט וואָס שרעקט
און באַרויִקט דיך באַלד,
נעמט אָן ווערטער דיך איַין,
בעט דיך טיפער אין מלכות אין גרינעם אַריַין
און — דו גייסט
און אַלץ איינס דיר ווו איַין און ווו אויס
און, צי וועסטו פון וואַלדיקן כישוף אַרויס.

ג.

פון באַוווינטן מידבר צו אַנטרינען —
ציט מיך, ציט צו וואַלד
אין זײַן געדיכטעניש דער גרינער
צו געפינען  זיך —
דעם וואַלד־באַזינגער
פונעם מידבר דעם באַוווינטן,
ווּ מען וויל דעם דיכטערס ליד נישט הערן —
אויב עס קומט נישט פונעם דזשונגל —
טויב צו ווערן...

## יוגנטוואַלד

א.

פון ווײַטן אַ וואַלד — אַ וואַלדיקע וואַנט,
וואָס פאַלט מיט דער גרינקייט — אין בלאָקייט
אַרײַן —
דערמאָנט מיך, דערמאָנט אָן אַ ליכט אָן אַ העלס,
אַזאַ, וואָס געווען איז און וועט שוין נישט זײַן.
דערמאָנט מיך אַ חלום, אַ חלום — אַ וואָר:
אַ לעבן אַ יונגס מיט צעשויבערטע האָר,
מיט הירשענע אויגן,
און הירשענע פיס,
מיט גרייט־זײַן אַ לויף־טאָן,
אַ שפּרונג־טאָן, אַ ריס,
אַ ברעך און אַ שלײַדער,
אַ הילך אויף אַ קול,
וואָס פאַלט ווי אַ יאָדרע אַרויס פון דער שאָל,
אַ שאָל פון אַ לעבן אַ יונגס, וואָס פּלאַצט אויס —
אין צײַטיקן זיך
אויף דער ערדישער שויס.

ב.

ווי בלאָע בלימעלעך פון קאָרן —
קוקן פון אַ וואַלד אַרויס די יוגנט־יאָרן —
פול מיט בענקשאַפט און באַדויער —
כאָטש אַ וואַלד האָט אויך זײַן אומעט,
כאָטש אַ וואַלד האָט אויך זײַן טרויער —
האָט מען דאָך צו וואַלד געצויגן,
און צו אים פון ווײַט געגאַנגען,
און געלאָזט פון אים זיך כאַפּן,
און געלאָזט פון אים זיך פאַנגען,
און פאַרוואַרפן איבער זיך זײַן גרינע נעץ:
דעם וואַלד־געשפּאַן;

געלאָזט זיך פירן און פאַרפירן
און אַוועקפירן צו „פאַן"
דעם וואַלד־מלך,
וואָס האָט אויף יעדן בוים געוווינט,
אין גרין — געקליידט,
מיט גרין — געקרוינט,
אויף גרין — גערוט,
אויף גרין — געוואַכט
ביי יעדן שטילסטן וואַלד־פאַרדאַכט,
געהאַלטן ביימער, ווי צעשטעלט
אויף שמירה — פאַר דער דרויסן־וועלט,
וואָס שטערט אים שפילן אויף זיין גרינער פלייט —
דאָס יוגנטליד פון אומפאַרגעגנגלעכקייט...

ווי בלאָע בלימעלעך פון קאָרן —
קוקן פון אַ וואַלד אַרויס די יוגנט־יאָרן.

ג.

אין אַ וואַלד אין אַ געדיכטן,
וואָס איז פול מיט זיך אַליין,
פול, און ווי אַ נעץ מיט וועגן —
נישט פון זיי אַרויסצוגיין —

וואָלט איך וועלן זיך פאַרלירן
אינעם גרינעם ביימער־ים,
און צו אָטעמען די שטילקייט
פון אַיעדן בוים און שטאַם;

און צו טרינקען ווי אַ היילונג
פאַר דערשעפונג און פאַר וויי —
אַלע ריחות, אַלע זאַפטן,
וואָס זיי טריפן קיל פון זיי;

און צו זייַן ווי זיי, בלויז אויער,
בלויז געהער און טיף געהאָרך
פאַרן דינסטן רויש פון בלעטער,
פאַר אַיעדן שאָרוו און שאָרך;

און פאַר יעדע שפּראַך פון קלענסטן,
ציטעריקסטן וואַלד־בעל־חי,
וואָס היט אָפּ דאָס ביסל לעבן,
און האָט מורא פאַר דער פרייַ...

## שטייט אַ וואַלד...

שטייט אַ וואַלד — דיביימער הויך פֿאַרריסן,
ווי זיי וואָלטן איינער מיטן צווייטן
זיך געמאָסטן ווער ס'איז העכער, ווען
ס'קומט די קרוין די זוניקע צו טראָגן...

און די ביימער, די וואָס — נישט דערוואַקסן —
גרייכן זיי נישט צו די גרינע אַקסלען
פֿון די ברייט־צעוואַקסענע און הויכע,
וואָס פֿאַרשטעלן זיי די וועלט די גאַנצע —

שטייען זיי ווי אויף די שפּיצן פֿינגער
פֿון די שמאָלע הירשנפּיס די לאַנגע,
ווי זיי וואָלטן זאָגן: לאָזט אונדז אויכעט
טאָן אַ קוק אויף יענער זייַט אַריבער —

דאָרט, ווו ס׳טרעפט די ערד זיך מיטן הימל —
סײַ אין ליכט פון טאָג, ווען דורך די צווײַגן
רינט צו אונדז די בלאָקייט ווי דורך פינגער,
סײַ בײַנאַכט, אין ליכט פון דער לבנה —

ווען מיר זילבערן און ציטערן ווי נאַקעט,
אָדער ווען די פינצטערניש באַפאַלט אונדז
און מיר דאַנקען גאָט אַז ס׳פאַלט אַ שטערן
אין די אָרעמס אונדז אַרײַן און — לעשט זיך...

## יונגוואַלד

ווי אויף שלאַנקע הירשנפּיס אויף דינע —
שטייט אַ וואַלד, ערשט נאָר־וואָס אויפגעשאָסן,
מיטן פּוך פון ערשטן שפּראָץ דעם גרינעם,
און מיט ליכט מיט דורכזיכטיק פאַרגאָסן.

באָדן זיך אין ליכט אַזוי די רייען
ביימער, ווייך־צעצווייַגט און בראָנדז־פאַרברוינטע,
ווי זיי וואָלטן ראָד אין ראָד זיך דרייען
נאַקעטע, מיט קעפּ נאָך־נישט־באַקרוינטע —

שטייט דער וואַלד, אין טאַנץ אַרייַנגעצויגן
מיט דער פרייד פון וואַקסן און פון בליִען,
און ער דרייט זיך, שווינדלט פאַר די אויגן,
ווי די ערד וואָלט אונטער הירשן, בריִען.

## אַלטוואַלד

אַלטוואַלד־ביימער זענען אורוואַלד־זיידעס:
וואָרצלען ווי מיט צווייַגן אין דער ערד
און וואַקסן שוין נישט מער, נאָר גרינען נאָך
מיט ווילדע שטעכיק־האַרטע בערד,
מיט גרינער מאָכיקייט, ווי גרינער ראָסט
אין יעדן טיפן קנייטש פון זייער הויט:
די קאָרע זייערע, וואָס טריקנט, קרישלט זיך
און אָטעמט מיט דער פוילעניש פון טויט...

שטייט אַ וואַלד אַזאַ, מיט זייַן פאַרוואַקסנקייט,
מיט זייַן געדיכטעניש וואָס לאָזט נישט דורך קיין שייַן
און — ס'לעבן ביימער אַלט־פאַרגעסענע —
אין יאָרן הונדערטער אַזוי אַרייַן...

## וואַלדקלאַנגען

כ׳בין בדימיון אַלץ נאָך אינעם כּישוף־קרײַז פון וואַלד,
ווו פאַר די ביימערישע, אויפגעשפּיצטע אויערן —
גייט קיין האַרצקלאַפּ נישט פאַרלוירן.

דריי איך זיך אַרום אַזוי אין וואַלדגעווילד —
פון אים געפאַנגען —
כאָטש אַליין בין איך אַרײַן אין אים
און אַ פאַרכּישופטער — פאַרגאַנגען
אין דער וואַלדטיף — קלײַבן קלאַנגען,
וואַלדקלאַנגען פאַר מײַנע לידער,
וואַלדקלאַנגען פון בעלי־חי, וואָס וווינען
אין דער הוילעניש און פוילעניש פון ביימער —
אונטער גרינע, דורכגעשטראַלטע קרוינען.

## אַן אַרמיי אַ פרידלעכע

ווי יונגע, שלאַנקע, שטייַפע זעלנער־רייען
אין געפלעקטע קאָמאָפלאַזש־מונדירן —
שטייט אין גרין און ברוין אַ וואַלד און, ס׳דאַכט זיך,
אַז דיביימער גייען, גייען,
גייען רייענווייַז, מאַרשירן,
שטעלן פיס — מיט טריט אויף נישט צום הערן,
טריט פון אַן אַרמיי,
וואָס וויל די וואַלדשטילקייט נישט שטערן,
אַן אַרמיי אַ באָרוועסע, אַ פרידלעכע,
נישט אויסן אויף קיין בייז און שלעכטס —
צעשיט זי זיך אויף לינקס און רעכטס,
פאַרנעמט זיך באַרג־אַרויף, אַראָפּ
און ווייַט אַוועק, ווו ס׳לאַגערן און לאַנדן
ביימער, וועלכע זענען שוין דערגאַנגען
ביז די טיף־אַראָפּגעלאָזטע הימל־ראַנדן.

## וואַלד, באַרג־אַרויף

ווי פון אַ צעשאָטענער אַרמיי אַ גרויסער —
האָבן ביימער־מחנות זיך אַ לאָז־געטאָן
דעראָבערן אַ באַרג אין וועג,
אים איַננעמען מיט שטורעם —
אין אַ וואַלדיקער, געהיימער שטילקייט.

שפּאַנען ביימער,
קלעטערן פאַרעקשנט, באַרג־אַרויף.
עס וויל אַ בוים דעם צווייטן איבערשטיַיגן,
ס׳וויל אַ בוים, דעם צווייטן איבעריאָגן,
יעדער וויל דער ערשטער אויפן שפּיץ פון באַרג
אַוועקשטעלן זיַין פוס...

ערשט אויבן, אין־דער־הייך שוין,
אויפן באַרג, דעם שווער באַזיגטן —
זעט מען ווי די גרינע מחנות
לאָזן זיך צוריק אַרונטער,
ווי עס וואָלטן סטיַיעס הירשן
מיט געקרוינטע קעפּ פון ביימער —
אין בהלה זיך צעלאָפן,
און זיך שטיל געשאָטן באַרג־אַראָפּ.

## אַליין אין וואַלד

א.

פאַרבלאָנדזשע איך אַ מאָל אין וואַלד־געדיכטעניש
איז ס'ערשטע שרעק־געפיל וואָס מיך באַפאַלט:
אַ מענטש! אַ מענטש, אַליין אין וואַלד...
ערשט נאָכן פחד פאַרן מענטש —
גייט־אויף אין מיר די שרעק
פאַר וואַלד־חיות, וואָס ליגן ווו פאַרשטעקט
אין נאָרעס און אין ביימער־אויסגעהויל
און, זענען נאָך אַ פעטן ביסן — פויל
און נישט אויף איבערפאַלן גרייט —
ווי ס'זענען מענטשן גרייט, אויך זאַטערהייט...

ב.

איידער זיך אַרומדרייען אַ פרעמדער צווישן מענטשן,
בעסער זיך אַרומדרייען אין וואַלד צעווישןביימער,
וועמענס אָרעמס ס'זענען שטענדיק אָפן,
און די הענט די אָדערדיק־צעצווייַגטע
האַלטן אין איין דוכענען און בענטשן —
גרייט אַרונטערנעמען יעדן
אונטער זייער גרין באַדעקנס.

גייסטו אַזוי צווישן ביימער:
אַ בוים גיט דיך איבער אַ בוים
און — זיי פירן דיך, פירן אַרייַן דיך
אַלץ טיפער, אין מלכות פון שטילקייט,
אַלץ טיפער אין מלכות פון רו —
מיטן איינציקן אומרו פון שרעק —
זיך צו טרעפן אין וואַלד מיט אַ מענטש
וואָס איז איינזאַם ווי דו אינעם וואַלד.

## וואַלד אין רעגן

שטייט אַ וואַלד מיטביימער — ריזן —
אומבאַהאָלפענע ווי קינדער —
ווען עס קומט דער ווינט, די גרינע קעפּ זיי
און די בערד, די גרינע,
קעמט און רייַסט בייַ זיי, בייַם קעמען —
קלומבעס בלעטער מיט די צווייַגן,
רויטע קאַשטאַנעס
און ברוינע שישקעס,
שטרויעלעך פון נעסטן
ווו עס טוליען זיך די פייגל — פאַר אַ רעגן.

שטייט אַ וואַלד מיט ביימער — ריזן —
אומבאַהאָלפענע ווי קינדער
און — אַ פלייצרעגן, ער וואַשט זיי,
שמייַסט זיי ווי מיט נאַסע ריטער —
ציטערן זיי,, קרעכצן
ביז — די זון איז זיך מרחם,
רייַסט זיך דורך צו זיי דורך וואָלקנס,
טוט זיי אָן צוריק די קרוינען
די פאַרלוירענע אין שטורעם —
לייַכטן זיי און שמייכלען מילדע,
אויסגעצוואָגענע און ריינע,
נאַסע נאָך און אָפּגעדעקטע
מיט די גלאַנציק־ברוינע שטאַמען
און, צעפינקלטע מיט טראָפּנס,
פון אַיעדן בלאַט און בלעטל
וואָס זיי טריפן נאָך און פאַלן
פון אַיעדער צווייַג און צווייַגל —
פאַלן זוניק,
רעגן־בויגן־פאַרביק,
ווי דער טוי באַגינען.

##ביימער טוען תּפילה...

זומער — ווי אין גרינע קאַפּישאָנען,
ווינטער — ווי אין קיטלען און טליתים —
טוען, דאַכט זיך, ביימער, שטענדיק תּפילה,
תּפילה ביחידות און בציבור:
שטייט אַ וואַלד אַ גאַנצער און ער דאַוונט,
ביימער שפּרינגען קדוש, קדוש, קדוש —
פאַרן הימל, פאַר דער זון און — מ'איז מחדש
אַלץ — ווי מ'איז מחדש די לבנה.

שקיעה־צײַט, ווען אַלע, אַלע קרוינען
לעשן זיך מיט אויפבליצן מיט לעצטע;
ווען די העכסטע ביימער ווערן קלענער,
ווי צונויפגעטוליעטער און ענגער —
שטייט אַ שטומער וואַלד ווי פאַרן „אויסגיין"
וויגט זיך, וויגט זיך און איז פּלוצעם „מפסיק":
ס'האָט אַ פויגל אָוונטיק צעשראָקן
פון אַ בוים־אַראָפּ געטאָן אַ פלאַטער,
אײַנגעענעסטיקט זיך און שטיל געוואָרן,
שטיל, ווי ס'ווערט דער ווינט אין וואַלד אַנטשלאָפן.

## די שכינה אין וואַלד

אונטער דין באַגילדטע קרוינען גרינע —
רוט אויף יעדן בוים אין וואַלד, די שכינה —
שטראַלן זיי, דיביימער,
שוויַיגן, צווינגען־אויף צו שוויַיגן
און אין זיך אַליין זיך איַינצוהערן —
עפּעס זאָל ביַי זיי נתגלה ווערן
ביחידות, אין השתּפכות־פיבער
מיטן וואַלדיק־גרויסן ביימער־ציבור,
וועלכער הערט נישט אויף צו זיַין מתפּלל,
שפּרינגען קדוש, און צו זאָגן הלל.

ציט עס מיך אַוועק אַהין —
פאַרלירן זיך אין שטילקייט
פון אַ וועלט אין גרין,
אַ וועלט פון דממה דקה,
אין אַ וועלט אַ פרידלעכע,
אַ וועלט פון כּולו זכּאי.

## דאָס האַרץ פון וואַלד

כ׳טראָג מיט זיך אַרום דאָס האַרץ פון וואַלד:
דעם דינעם רויש, דעם סוד, דאָס טיפע שוויַיגן,
ליכט און שאָטן, אומעט דורכגעשטראַלט
פון קוקן דורך די פינגער, ווי דורך צווײַגן...

פול בין איך מיט נעסטן אַלערליי,
און פול אין זיי מיט אַלערליי געזאַנגען,
גוט איז, גוט צו טראָגן ס׳האַרץ אַזוי,
און זײַן אַליין, אין האַרץ פון וואַלד געפאַנגען...

## אין בענקשאַפט נאָך וואַלד

א.

האָט זיך מיר פאַרבענקט נאָך וואַלד,
נאָך אַלטן וואַלד,
וואָס שטייט אויף העלפאַנטפיס
און שלאָגט מיט גבורה,
שלאָגט מיט ריחות ווי פון אַלטן ווייַן,
און איז אין שטילקייט אייַנגעהאָרכט אין זיך
און צו אַיעדן בוים,
וואָס אַלע — לעבן זיי און שטאַרבן,
שטייענדיקערהייט,
און ס'קאָן זיי נאָר אַוועקלייגן אַ דונער און די האַק...

אַיעדער בוים וואָס איך באַגעגן ווי
אין שטאָט צי הינטער שטאָט —
דערפרייט מיך ווי אַ ליבער גרוס
פון עפּעס ווײַטס און וואַרעם־נאָענטס:
פון אַ וואַלד און פון אַ קינדהייט,
וואָס פאַרלוירן האָט זי זיך
אין טיפער וואַלד־געדיכטעניש,
ווי כ׳זע זי נאָך אַרומלויפן
און הער זי אין דער וואַלדמוזיק
פון קולות און פון ווידערקולות —
רופן און זיך איבעררופן
מיט די בעלי־חי פון וואַלד:
די זינגפייגל און קלאָגפייגל,
די וועקפייגל און שרעקפייגל —
דער כאָר פון וואַלדגעווילד,
דער כאָר וואָס זינגט לכּבוד „פּאַן":
דעם הערשער פון אַ קעניגרײַך,
וואָס פול איז, פול מיט סוד און שפּאַנונג,
ווי אַ קינדער־מעשׂהלע,
וואָס הערן מעג עס אויכעט אַ דערוואַקסענער —
אין שויס און אין די אָרעמס פון אַ וואַלד.

ב.

אין בענקשאַפט נאָך וואַלד —
האָט דער דימיון געפירט מיך צו אים
און אַרײַנגעפירט — נישט אויף אַרויסצוגיין —
טיף אין זײַן וואַלדגעווילד,
ווי אין אַ נעץ אַ געדיכטער,
אַ נעץ, ווו די זון, ווען זי זעצט זיך —
פאַלט אויבעט אַרײַן ווי אַ פישל אַ גאָלדנס,
וואָס צאַפּלט און ציטערט און, לעשט זיך.

גיי איך אַרום אָט אַזוי אינעם וואַלד פון מײַן דימיון,
אויך אין די נעכט ווען עס רעגנט מיט שטערן,
וואָס פאַלן אין אים, ווי די לײַכטווערעם,
אָדער — אין נעכט, ווען די האַלב־ראָד פון מולד
באַשטעקט אַלע ביימער מיט זילבערנע קאַמען,
וואָס שײַנען אַרויס, ווי פון פרויען־פריזורעס.

## וואַלד און וואַלדיקס

א.

ווי ס'וואָלט אין מיר זיך אויפגעוועקט דער
אורוואַלדמענטש —
ציט עס מיך צוריק צו וואַלד און וואַלדיקס.
וואַלד — כאָטש כ'בין אין אים נישט אויסגעוואַקסן,
און מיט אים נישט מיטגעוואַקסן,
בין אים דורכגעלאָפן נאָר —
ווען כ'האָב זיך נאָך געיאָגט נאָך זומער־פייגעלעך,
געיאָגט נאָך יעדן פלאַטערל,
צי נאָך אַ העזל אַ צעשראָקנס,
וואָס כ'בין נאָכגעלאָפן מיט נישט ווייניק פחד
פאַר דער וואַלדטיפקייט און וואַלדשטילקייט,
און פאַר דער וואַלד־געדיכטעניש
ווו ס'האָט געוווינט די מכשפה „באַבאַ־יאַגאַ",
ווו זיך אויסבאַהאַלטן האָבן וואַלד־רוחות
און ווילדע חיות־רעות און גזלנים...

ציט עס מיך צוריק צום וואַלד,
ווו כ'האָב זיך אויסבאַהאַלטן מיט מײַן ערשטער ליבע
און געיאָגט זיך נאָך מײַן ליבסטער,
וואָס געלאָפן איז זי פלינקער פון אַ סאַרנע,
און געשריגן: כאַפּ מיך! כאַפּ!
און — אונטערן געשאַל פון וואַלדהאָרן —
געלאַכט פון מיר, וואָס כ'קאָן זי נישט דעריאָגן...

וועלכע וועגן פירן איצט צו יענעם וואַלד?
ווו נעמט מען איצט די מורא פאַרן זײַן אַליין
אין אים? —
פון וואַנען כ'הער נאָך איצט די קולות פון מײַן
קינדהייט,
און די קולות פון מײַן רײַפער יוגנט,
וואָס גערופן האָט זי יוספהן,
יוספהן מיט די אַגרעס־גרינע אויגן,
ווי צוויי טײַכלעך מיט דער אָפּשפּיגלונג פון
וואַלדיקס...

ב.

איז מען נישט אין וואַלד געווען אין פרילינג —
ווייסט מען נישט, וואָס מיינט אַזוינס — דערוואַכונג,
אויפשטיין פונדאָסניַי, פון טויט — צום לעבן,
נעמען זייגן פון דער ערד די זאַפטן,
נעמען וואַקסן, שפּאַרן מיטן קאָפּ זיך —
טרינקען זוניקייט און הימל־בלאָקייט;

איז מען נישט אין וואַלד געווען אין פרילינג,
ווען די ווינטלעך בלאָזן פון די צווייַגן
ס'ערשטע בליִעכץ, ערשטן צוויט אַרונטער;
ווער עס האָט דעם פרילינג נישט באַגעגנט
אין קיין וואַלד באַשאָטן מיט „זשיוויצע" —
דער האָט נישט געאָטעמט מיט קיין יונגשאַפט.

איז מען נישט געגאַנגען זומער נאָך אַ רעגן
אין אַ וואַלד אַן אויפגעפרישטן, קלײַבן שוואָמען;
איז מען נישט פון וואַלד־ריחות אין שאָטן
אײַנגעשלאָפן
אויפן ביימער־אָפּפאַל, בײַ אַ בוים צופוסנס —
קען מען נישט דעם וואַלד ווי ס׳קען אים דער
וואָס היט אים,
און מען ווייסט נישט ווי די מינים ביימער הייסן,
און מ׳איז פרעמד צעווישן זיי — צום גיין פאַרלוירן
מיטן תענוג פון אַרומבראָדיען און בלאָנדזשען,
מיט דער רו אין וואַלד וואָס וועקט נישט ווייניק
אומרו
און, אַ הירשענע צעשראָקנקייט, אַפילו
פאַרן קינדיש־חנעוודיקן רוף פון קוקו,
וועלכער האָט זיך ווי פאַרשטעקט און הייסט זיך
זוכן...

איז מען נישט אין וואַלד געוועזן האַרבסטצײַט,
קען מען נישט דעם שטראַלנדיקסטן טרויער,
וואָס צוזאַמען מיטן טיפסטן אומעט,
גייען זיי געאָרעמט מיט דער בענקשאַפט
אײַנגעהילט אין שלײַערן פון נעפּלען —
צווישן ביימער — נאַקעטע מצבות
איבער בערגלעך לײַכטנדיקע בלעטער,
וואָס די ווינטן האָבן אויפגעשאָטן.

איז מען נישט אין וואַלד נאָך האָלץ געפאָרן ווינטער,
ווען די ביימער אונטער בלענדיק שניי־באַדעקנס —
ברענען פייַערלעך ווי גרויסע קאַנדעלאַברעס
אָנגעצונדענע פון זונאויפגענג און שקיעות;
גייט מען ווינטער נישט אין וואַלד אַריַין —
דער זעט נישט
די פאַרכאַפנדיקע נישט־געדעמטע לאַנדשאַפט:
שוואַרץ אויף ווייַס וואָס פאַלט אין טיפער דעמער־
בלאַקייט —
אָונטציַיט, ווען ס'שטעלט זיך אָפּ דאָס איבערפליִען
פון די שוואַרצע קראָען אויף די ווייַסע ביימער
און, זיי הערן אויף דאָס קראַקען דאָס פאַרקייַכטע,
ווי זיי וואָלטן אויך זיך אייַנגעהערט מיט ציטער —
צו דעם וועלפישן געוואָי וואָס טראָגט פון וואַלד זיך.

ג.

דער וואַלד איז נישט שטענדיק פאַר טרוימער, פּאָעטן,
וואָס קומען ביַי זינגפייגל לערנען זיך זינגען.
דער וואַלד ציט נישט שטענדיק אַריַין קיין פאַרליבטע,
וואָס זוכן צעבלעטערטע חופּות פון ביימער.
דער וואַלד איז נישט שטענדיק דער רייץ פאַר דער
יוגנט,
וואָס לויפט אים אַדורך ווי אַ ווינט פונעם מידבר...
דער וואַלד איז נישט שטענדיק פאַר זאָרגלאָזע יעגער,
וואָס קנאַלן און שאַלן אים דורך מיטן יאַגד־לוסט.

עס טרעפט אַז דער וואַלד איז נישט איינמאָל דער
מיקלט
פאַר שדים און רוחות וואָס האָבן פאַרכאַפּט אים,
און וואַרפן אַן אימה אויף די וועלכע דאַרפן
אַ מאָל אים אַדורכפאָרן אָדער אַדורכגיין —
נאָך דעם ווי מען האָט אין אים ערגעץ געפונען,
צעריסן פון וועלף — אַ מיוחסדיק ריַיטפערד,
צי גאָר אַ געהאָנגענעם מענטש אויף אַ פּעטליע —
פאַרוואָרפן אַריבער אַ צוויַיג אַ סענקאַטן.

דער וואַלד איז נישט שטענדיק אַ וועלט, נאָר פאַר קינדער.
אַ וועלט וואָס איז פול נאָר מיט מעשׂהלעך שיינע,
וואָס רייצן און האַלטן געשפּאַנט זיי — אַפּילו
אין שרעק פון דערציילן זיי וועגן גזלנים,
און וועגן מכשפות וואָס וווינען אין אויסהויל
פון אוראַלטעביימער, און טוען אָן כּישוף

עס טרעפט, אַז דער וואַלד ווערט פאַרנומען פון חיל,
וואָס קומט אין אים פּלוצעם מיט העק און מיט זעגן
און — הייבט אים אָן האַקן — אַ וועג
דורכצוהאַקן —
אויף קירצן דאָס צוקומען מיטן כּלי־זין
צום שׂונא וואָס האָט זיך פאַרשטעקט און פאַרטײַעט
אַזוי ווי אַ חיה וואָס גרייט זיך אַ שפּרונג־טאָן...
און ס׳טרעפט, אַז דעם וואַלד רײַסט די שטילקייט
פונאַנדער —
אַ דונער וואָס איז נישט קיין אָנזאָג אויף רעגן.
אַז נישט פון קיין בליץ נאָר קאָן ווערן געטראָפן
אַ בוים — ער זאָל ברענען אַזוי ווי אַ פאַקל —
דער וואַלד, זאָל אַוועקגיין אין פלאַמען
און לאָזן, לזכר, נאָר גלאָווינעס שוואַרצע —
נאָך דעם ווי אַ שׂונא האָט ס׳מלכות דאָס גרינע
באַשפּיגן מיט פײַער
און אויכעט די דעמבעס געשטעלט
אויף פאַרשׂרפעטע קני...

## לאַנד אָן וואַלד

אַ לאַנד וואָס האָט קיין וואַלד נישט — אַזאַ לאַנד
איז נאַקעט ווי אַ דלאָניע פון אַ האַנט,
און אָרעם — מעג עס זײַן אַפילו רײַך
מיט וואַסערן פון אָזיערע און טײַך,
און מעג דאָס לאַנד, ווי אין אַ בלאָער ראַם
מיט גאָלד־ברעגעס — פאַרגאַרטלט־זײַן מיט ים —
איז אומעטיק אין אים און, מאָנאָטאָן —
אויב ס׳גיסט זיך נישט דער בלאָער הימל־פאָן
צונויף אין האָריזאָנט, ווי מיט אַ וואַנט
אַ טונקל־גרינער — פון אַ וואַלד אין לאַנד,
אַ וואַלד וואָס נעמט אַרום און טוליעט צו
און גיט אַ מענטש אַן אומרויִקן, רו.

# אינהאַלט

## וואַלדיקס